ש. פרוג.

# דאָס שטייסעל.

צווייטע אויפלאגע.



1914.

№ 3

# שמעון שמואל פרוג

איז געבוירען געוואָרען אין 1860-טען יאָהר, אין אַ יודישער קאָלאָניע באָבראָווי-קוט (חערסאָנער גוב.) ביי זיין פאָטער משה צבי, אַ קאָלאָניסט-ערדארבייטער. שוין אין די גאָר קינדערשע יאָהרען האָט ש. פרוג, נישט אַזוי ווי אַנדערע יודישע יונגלעך אין די שטעדט און שטעדלעך, זיך בעקענט מיט'ן וואַלד און מיט'ן פעלד, מיט דער לאָנקע און מיט'ן טייך. דאָרטען האָט ער פערבראַכט זיין גאַנצע קינדהייט און יוגענד. ער האָט זיך געהאָדעוועט ווי אַ פריי קינד אויף דער נאַטור, האָט אַיינגעזויגען אין זיך דעם געזונדען ריח פונ'ם פעלד און פון זיינע תבואות, און דאָס אַלץ האָט געפונען אַ פרישען, פרייען אָבקלאַנג אין זיינע שפּעטערדיגע ליעדער. אין איינעם פון זיי זינגט ש. פרוג אַזוי:

„אויף די גערטנער, אויף די פעלדער,<br>
„הער איך זיסע שטימען זינגען,<br>
„ווי די פרייע, בלויע וועלען<br>
„רוישען, גיסען זיך און קלינגען.<br>
„און די שנידטער געהען, איילען,<br>
„סערפּעס, קאָסעס, גלענצען, קלינגען...<br>
אין אַנ'אַנדער אָרט זאָגט ער:<br>
„די גאַנצע נאַטור איז מיין רבי געוועזען"...

צוזאַמען מיט דער נאַטור ליעבט ש. פרוג, ווי א נײַ־באַרענער אויף דער פרייע, געזונדער ערד, ליעבט און שעצט זעהר יעדע עהרליכע מיה, און אָט וואָס עס שטעהט אין זיין „ליעד פון דער אַרבּייט“:

„געזונד זאָלען זיין די הענד מיט מאַזאָליעס,
„דער שטערן פון וועלכען עס גיסט זיך דער שווייס,
„געבּענשט זאָל זיין דאָס חערקשטאַט, דאָס שפינדעל,
„דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די וועג.“





# דאָס שטייסעל.

(אַ בלעטעל פון מיין קינדער-לעבען).

## א.

צווישען גראָהע סטעפּעס, צווישען גרינע פעלדער ליעגט אַ קליין אידיש דערפעל, אַ קאָלאָניע פון אידען ערד-ארבייטער. דאָרט איז מיין פאָטערהויז געשטאנען, מיין וויעגעלע געהוידעט, געוויעגט זיך; דאָרט בין איך אויסגעוואקסען, דאָרט אין חדר געלערענט.

ניט אַ געוועהנליכער איז געווען דער חדר און ניט אַ געוועהנליכער מלמד איז מיין רבי געווען.

רב הערש איז געווען אַ איד פון אַ יאָהר זיבעציג, הויך און וואוקס, מיט ברייטע, קרעפטיגע פּלייצעס, מיט אַ שענער, לאנגער באָרד און אויגען בלאָהע און ליכטיגע ווי דער הימעל איבער די פעלדער. געוואוינט האָט ער אין אַן אייגענער שטוב און אַ היבשע בעל-הבית'ישקייט געהאט. מיט דער גאנצער ארבייט אין הויף און אין פעלד איז פערנומען געווען דער זוהן ווינער פיניע. די רביצין (שרה האָט מען זי גערופען) האָט געהאלטען אַ קרעמעל

פון בַּל־טוב און געלייזט גאָר ניט שלעכט. תּלמידים האָט רֶב הערש געהאלטען סך הַכּל זעקס, קינדער פון די רייכסטע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, און געקנעלט האָט ער — אזוי ווי ער אליין פלעגט זאָגען — „ניט אויף ברויט, דאַנקען גאָט, נאָר אויף טאבעק".

טאבעק איז ביי רֶב הערשען געווען דאָס וויכטיגסטע און דאָס טייערסטע אין לעבען. און אָט דער טאבעק זיינער איז פאר אונז, די תַּלְמִידִים, געווען דער קוואל פון פרייד און פון לייד, פון גליק און פון טרעהרען.

ב.

א גרויסע הילצערנע שטייסעל מיט א געטאָקטען טאָלקאטש האָבען יאָהרען־לאנג געדיענט ביי דער רֶבֶּצין אויף מַצה־פארפעל קלאפען. א שטייסעל, און בִּפְרַט א הילצערנע, איז אָבער אויך ניט אַן אייביגע זאך. געקלאפט און געקלאפט, געריבען און געריבען, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ס'האָט א היבשען שפאלט בעקומען. פון דעמאָלט אָן איז דאָס שטייסעל צו רֶב הערשען אין די הענד אריין און פון א מַצה־שטייסעל א טאבעק־מיהל געוואָרען.

טאבעק רייבען איז איגענטליך גאָר קיין גרויסע חָכמה ניט. ביי רֶב הערשען אָבער האָט דאָס טאבעק־רייבען עפּיס גאָר א בעזונדערען חֵן געהאט:

אריינגעוואָרפען א פּאָר זאנפטיגע, פעטע פּאפּושעס (טאבעק־בלעטער), פערקאטשעט די ארבעל, די יארמעלקע הויך אויפ'ן שטערן פעררוקט, פלעגט זיך נעהמען רֶב הערש צו דער מלָאכה — דרעהען מיט'ן טאָלקאטש, ה־יעהען און רייבען, און מיט אזא ליעב און ווארים שמייכעל אין שטייסעל אריינקוקען, און מיט אזא פערגעניגען דעם ריחַ אין זיך אריינציהען, גלייך ווי דאָס וואָלט ניט אַ שטייסעל מיט שמעק־טאבעק, נאָר דער שענסטער בוקעט מיט די בעסטע בלומען געווען.

זעהענדיג מיט וואָס פאר א פערגעניגען דער רבי דרעהט מיט'ן טאָלקאטש אין שטייסעל, פלעגען די תַּלמידים בעטען זיך ביי איהם:

— רֶבי, גיט א דרעה טהון, רֶבי!

— מיר, רֶבי, מיר!...

— א דרעה טהון? — פלעגט ענטפערען רֶב הערש — אזוי גאָר? און דער חומש וואָס? און דער תְּהִלים וואָס? אליין זיך לערנען? הא?... א דרעה טהון... רעכט: ווער ס'וועט בעסער אויס'חַזֶר'ן, דעם וועל איך געבען דרעהען.

פון דעמאָלט־אָן איז דאָס דרעהען געוואָרען א מין שְׂכַר וְעוֹנֶש פאר יעדען פון אונז: גוט דעם קאַפּיטעל תְּהִלים געזאָגט — דרעה; געפלאָנטעט זיך,

געמעקעט — שטעה און קוק ווי אנדערע דרעהען און נעהם זיך א מוסר אראָב.

וואָלט עס געווען נאָך צו דערהאלטען. האָט אָבער רֶב הערש צוגעקלערט מיט'ן שטייסעל עפּים אזוינס, וואָס שטארקער פון אַזוין האָט מען געדארפט זײַן דאָס איבערצוטראָגען.

און איך טאַקע בין דער ערשטער געווען, אויף וועמען די ביטערע שטראָף איז אָנגעשיקט געוואָרען.

ג.

אמשרת האָט בײַ אונז געדיענט, לייזקע האָט מען איהם גערופען, לייזקע סיביריאַק, א בָחור פון א יאָהר אכצעהן, א געזונטער, א פרישער, מיט א פּאָר קײַלעכדיגע און רויטע באקען, דאָס פָּנים אינ־גאנצען מיט קלײַנע בעטאָטען, און האָר האָט ער געהאט געקרײַזעלטע און העל־געלע, לימענע קאָ־ליער. גאנצע טעג איז ער פערנומען געווען אין שטוב, אין הויף, אין גאָרטען, אויפ'ן טויק (שײַער)— געראמט, גערייניגט, געגראָבען, געדראָשען, די פערד מיט די קיה עסען און טרינקען געגעבען. און בײַ איהם אליין פלעגט זיך אויך א רֶגע דאָס מויל נים צומאכען: קײַען, די גאנצע צײַט האָט ער געהאל־טען אין איין קײַען — א שטיק ברויט מיט א וויערע

אוגערקע, א שטיק ברויט מיט א פרישע אוגערקע, און גלאָט א שטיק ברויט, און גלאָט אַן־אוגערקע, אלץ וואָס גאָט פלעגט צושיקען. און געזונד טאקע איז ער געווען, פריש און שטארק ווי דאָס בעסטע סטעפּ־פערד. אלע בחורים אין קאָלאָניע פלעגען פאר זיין אָטעם ציטערען.

אויסער זיין געוועהנליכער ארבייט פלעגט לייזקע צוויי מאָל א טאָג אין חדר מיך אָבפירהרען און צו־ריק אהיים ברענגען. האָט ער ביי אונז א נאָמען געקראָגען — „לייזקע בעהעלפער".

ברענגענדיג מיך פארנאכט פון חדר פלעגט ער באַלד אָנהויבען מיך אונטערטרייבען אויף זיין איינענאַרטיגען לשון:

— מהיי טרינקען... וועטשערע צייט... שלאָ־פען צייט... מאָרגען אין חדר געהן...

גערעכט איז ער טאקע. ווי אָבער, וואָגט אליין, האַסט מען עס אָב די וועטשערע און מ׳געהט אוועק שלאָפען, אז אין דרויסען הויבט זיך אָן דער ליע־בער, זיסער זומער־אָווענד, מיט דעם קיהלען מחיה׳־דיגען אָוועגד־ווינטעלע. דער גאָרטען גרינט און שמעקט מיט די פיינסטע בשמים. פון טיך הילכט דער זשאבעס־חאָר:

קווא-קווא... בראק-ברעק!
דער אָוונד לייכט,
דאָס גראָז איז גרין,
דער זאמד איז פייכט.
קווא-קווא!

פון טייך צום ברעג
אי אלט, אי יונג, אהער, אהין,
קווא-קווא, בראק-ברעק,
א טאנק, אַ שפרונג,
קווא-קווא!...

א העלפט הימעל איז ווי מיט רויזען-קוויטען אויסגעמאָלט און מיט דימענטענע פאָדעם בעצויגען. עס רופט, עס ציהט אַהין, אין די גאָלדענע, מיט טהוי בעשפריצטע פעלדער, אין די וויטע, וויטע פעלדער, וואָס האָבען, דוכט זיך, קיין גרעניץ ניט אויף דער וועלט. עס רופט, עס ציהט... שרעטעלעך (פיצינקע וואלד-מענשעלעך), ווי א פינגער די גרויס, לויפען דאָרטען פרעהליך ארום, פלעכטען קרענצלעך פון וואלד-ווינפערלעך, פון פעלד-בלומען און וועבען און שפינען זיסע מַעשֶה'לעך און גינגאָלדענע חֲלוֹמוֹת...

ד.

דינט נעהמט די לאַנגע גראָהע ווינטער-אָוועגדען. די קאָלאָניע איז אויף צעהנדליגער ווערסט ארום פער-

שאָטען און פערוועהט מיט טיעפע שנייען. ווינטען פליהען איבער די ווייסע, טוידטע פעלדער, רוישען און יאָמערען אזוי רחמנות'דיג, אזוי ביטערליך. אויף יענער זייט טייך הערט זיך אַ קלאָג פון אַ הונגעריגען וואָלף, אַ געשריי פון אַ האָז, וואָס בײַנאכט ווייזט אויס, אז דאָס וויינט אַ קינד אַ קראַנקס אויף דער מוטערס שויס. און דאָ, אין שטוב, איז ליכטיג, וואַרים, און אזוי שטיל און היימליך. אויפ'ן טיש שטעהט דער סאמאָוואר, זידט, רוישט, שלאָגט מיט גאנצע וואָלקען הייסע, ווילבערנע פארע און מיעד וועדענדיג הויבט ער אָן זיין זיס-הארציג ליעדעלע זינגען. עס קומט אַריין אַ שכן, אַ שכנה, אַ גוטער פריינד, מ'זיצט ארום טיש, מ'זופט די הייסע טהיי און מ'שמועסט פון דעם, פון יענעם, — וועמען-זשע וועט זיך וועלען אַוועקגעהן אין איינגען, פינסטערען שלאָפצימער, ליעגען דאָרט און ניט ווילענדיג צוהערען זיך צום קלאָג פונ'ם הונגעריגען וואָלף אויף יענער זייט טייך, צום געוויין פונ'ם עלענדען, פערפרוירענעם העזעלע?...

און לייזקע וויל דאָס גאָר ניט אָנהויבען צו פערשטעהען. ער ווייס זיך זיינס:

— שלאָפען צייט... מאָרגען אין חדר געהן!...

און אויף מאָרגען אין חֶדֶר מאכט צו מיר רֶבּ הערש:

— ס׳איז געהערט ? היינט ביינאכט א חָלום גע-חָלומט זיך מיר: כ׳זיץ כְּלומֶר׳שט ביי אייך און טרינק כְּלומֶר׳שט טהיי. שפּעט אין אָוועגד שוין. און דו כְּלומֶר׳שט זיצסט ביים טיש זיצסטו, פינטעלסט מיט די אויגען ווי א גאַנז בֵּין מִנחה לְמַעריב. די מאַמע זאָגט: צייט שלאָפען געהן; דער טאטע זאָגט: צייט שלאָפען געהן, און דו כְּלומֶר׳שט הערסט זיי ביידען אזוי ווי דעם גראָהען קאָטער הערסטו זיי, זיצסט און זיצסט ביז דו ווערסט דאָ, ביים טיש, אנשלאָפען... פע, יונגעלע, פע! כ׳וואָלט עס אויף דיר קיינמאָל ניט געגלויבט. זיצט, פינ-טעלט מיט די אויגען און וויל ניט שלאָפען געהן. א נימוס פון א בַּעל־הַבַּית׳יש קינד, זיעבען יאָהר גע-וואָרען, א בָּחור צו לייטען גלייך....

ה.

**ד**י ערשטע צייט האָב איך געגלויבט, אז דאָס אלץ זעהט ווירקליך רֶבּ הערש אין חָלום. — שלעכט, האָב איך זיך געטראַכט, באלד אז ער זעהט אין חָלום, איז דאָך מיט איהם א בּיטערע זאַך! פאַר׳ן בַּעל־חָלום קאָן דאָך קיין סודות ניט זיין! וואָס איך זאָל ניט טהון, זעט רֶבּ הערש באלד אין חָלום

וועהען, יעדעס מאָל דערצעהלען מיט זײַנע „כּלומרשטען"
און שווארצען מיר דאָס פּנים פאר'ן גאנצען חדר.
שלעכט!...

אין גיכען אָבער האָב איך אָנגעהויבען בעמער-
קען עפּיס אַ מאָדנע זאך: ווי נאָר רבּי הערש הויבט
אָן מיט זײַן געוועהנליכען שמייכעלע אַ חלום זײַנעס
דערצעהלען, הויבט זיך לייזקע אויף און רוקט זיך
באלד ארויס פון חדר און דערנאָך, געהענדיג מיט
מיר אהיים, קוקט ער דאָס אהער, דאָס אהין, די
אויגען מיר ניט צו ווײַזען. ס'איז ניט גלאט, עפּי'ם
מוז דאָ זײַן... און מיט אַמאָל האָט ווי אַ בליק מײַ-
נע געדאנקען דורכגעשײַנט: עהע! — האָב איך זיך
אַ חאפּ געטהון — לייזינקע! בּעל-חלום מײַנער טײַ-
ערער! אזוי הייסט עס? ניט אומזיסט בעהאלטסטו
די גנבה'שע אויגעלעך דײַנע!... ד י נ ע מסירה'לעך
זענען דאָס, הייסט עס? אַ מסור ביזטו? הא? אַ
מסור? און ווייסטו, וואָס הייסט אַ מסור זײַן? גע-
דענקסט, וואָס רבּי הערש האָט געזאָגט? — אַ מסור
איז ערגער פון אַנ'אפּיקורס, פון אַ ימח-שמו'ניק, אַ
גנב און אַ גזלן, ערגער פון אַ הונד, טרפּ'ער פון
חזיר, אויף אַ אידישע שוועל דערלאָזען טאָר מען
איהם ניט, אַ טרונק וואסער ניט געבען און צו קבר-
ישראל ניט ברענגען!...

באלד ווי דער געדאנק איז מיר אין קאָפּ ארײַן, האָב איך זיך אַלאָז געטהאָן צו לײקנען — לכל־הפּחות דאָס פּנים איהם פערשווארצען, און נים אונטער פיער אויגען, נאָר מאקע פאר דער גאנ־צער וועלט, ס׳הייסט: פאר יאוומוח׳ן דעם טאַבונש־טשיק, דער גוי׳ע חיווריא, דער שיקסע האַפּקע, דעם קוטשער פעדאָט און פאַר נאָך צווײ־דרײַ ערלים, וואָס האָבען אויפ׳ן הארמאַן בײַ אונז געארבײַט. זאָל זײַן גוים — יושר האָט א גוי אויך און ווייס וואָס א מסור איז ווערט... אַט לאָמיר אקאָרשט א קוק טהון, וואָס פאר א פּנים וועט לײזינקע האָבען פאר׳ן גאנצען עולם, אַז איך וועל פון אַלע דײַנע שענע שטיק דערצעהלען...

ו.

**ב**ים ווײַט פון טויק אָבער האָבען זיך מיר דער־הערט עפּיס אונגעוועהנליכע קולות, געשרייען, א גערודער, א לויפעניש...

— בטשאָ טאם טאקע ? — (וואָס איז דאָרט ?)

האָב איך א פרעג געטהאָן האפּקען, וועלכער כ׳האָב בעמערקט לויפענדיג מיט אנ׳עמער צום ברונעם נאָך וואסער.

— אוי, לישענקאָ ! (אוי, אנ׳אומגליק!) — האָט

האפקע אויסגעשריען — ליעזקא (לייזקע, הייסט עס) או סקירדו פּאָפּאל !...

— או יאקי ?... דע ?... (אין וועלכע, וואו? ...)

האפקע ענטפערט ניט. אין איין אויגענבליק א שלײַדער געטהאָן דעם עמער אין ברונעם אַרײַן, א טוק געטהאָן לינקס, א טוק רעכטס, א הויב־ ארויס און מיט א פולען עמער האסטיג געלאָזט זיך צום טויך לויפען.

און פאָרגעקומען איז אָט וואָס:

איפ׳ן טויך זענען געשטאנען צוויי הויכע און לאנגע סקירדעס, אויסגעצויגען נאָהענט איינע נע־ בען דער אנדערער. צוגעשטעלט דעם לייטער, איז לייזקע ארויפגעקלעטערט אָנצוהייבען אראָבוואר־ פען די תבואה אויפ׳ן הארמאן. שוין שטעהענדיג פון אויבען האָט ער זיך פערקוקט אויף עפּיס, אויסגעגליטשט זיך און ווי א שטיין אין וואסער צווישען די סקירדעס אראָבגעפאלען. טרעפט עס ווען קיינער איז נישטאָ דערבײַ, וואָלט מיט׳ן שלימ׳מזל׳ניק דאָרט שוין א סוף געווען — ארויס־ גראבלען זיך פון צווישען די סקירדעס איז כמעט אונמעגליך: דאָס שטרוי און די זאנגען שטעכען אין די אויגען, דער שטויב פון זיי פערשטיקט דעם אָטעם. א קעלבעל, א לאָשעקעל, טרעפט זיך, פער־

קריכען און ווערען דערשטיקט דאָרטען. צום גליק אין דערביי געווען חיווריא, א גוי'ע א גבר, א קאָזאק. אין אויגענבליק — פון וואנען האָט זיך ביי איהר גענומען א שכריק אין האנד ? — אזוי ווי א שטורעם־ווינד האָט זי אויף דער סקירדע אויפגעהויבען... א וואָרף האָט זי זיך געטהון פון איין עק סקירדע צו דער אנדערער... א שלייף געמאכט, אראָבגעוואָרפען — און לייזקען מיינעם, א האלב פער'חל'ש'טען, א טוידט־בלייכען, צוריק אויף דער ליכטיגער וועלט ארויס־געבראכט.

אין א צוריסענער העמד, אָהן א היטעל אויפ'ן קאָפּ, די האָר צושויבערט, און פון קאָפּ ביז די פיס מיט איין־קאלט וואסער אָבגעגאָסען, איז לייזקע גע־לעגען פאר מיינע אויגען, טיעף און שווער גע־עטעמט, געקרעבצט און געציטערט, ווי אין קדחת. אין איין רגע איז ביי מיר דער גאנצער כעס פון הארצען אָבגעגאנגען. איך בין געשטאנען, געקוקט אויף לייזקען, ווי ער מאטערט זיך נעביך. עפּיס האָט אָנגעהויבען אין האלז ביי מיר קיצלען, שטע־כען ווי מיט א נאָדעל — און א שטראָם הייסע טרעה־רען האָט זיך א גאָס געטהאָן ביי מיר פון די אויגען...

געהט, טהוט עפּים מיט א מענשענס הארץ!...

א טאָג דרויף האָט זיך לייזקע אָבגעוואלגערט אויף דער לעזשאנקע. אין חֶדֶר בין איך די טעג געגאנגען מיט האפקען — און קיינע חלומות האָבען זיך די גאנצע צייט רֶב הערש'ן ניט געחָלומ'ט.

ז.

איינמאָל, אין א שטילען, שֶׁנֶעם אָווענד איז געזעסען ביי אונז איינער א תבואה־הענדלער, רֶב נָחוּם אבזשענשטאָק, א איד מיט א פלאַם־רויטער באָרד, מיט א בעלמע אויף דער לינקער אויג און מיט א דיקען גאָלדענעם רינג אויפ'ן פינגער. אויפ'ן רינג איז אויסגעקריצט געווען אויף רוסיש: „קופעץ נָחוּם אבראמאָוויטש אבזשענשטאָק" און געדיענט האָט עס צו פער'חתמ'ענען בריעף מיט טריעף־וואקס.

אויפ'ן טיש, צווישען די גלעזער מיט טהיי, פּוּ־טער־און צוקער־געבעקס, אויבס און איינגעמאכטס, זע־נען געלעגען עטליכע פּעקליך „חֶשבוּנות", געשטאנען א „סמשאָט" מיט הילצערנע רינגלעך אויף בעשענע דראָטען, א לאָמפּ און א טינט־און־פעדער.

א סוחר, און דערצו נאָך א איד מיט אזא רינג אויפ'ן פינגער, איז יענע צייטען ביי אונז אין קאָלאָניע גאָר א זעלטענהייט געווען, און איך בין העכסט צופריע־דען געווען, וואָס דער טאטע האָט מיר ערלויבט טרינקען טהיי ביים טיש. — „זאָלסט אָבער זיצען ווי

א סטאטעק — האָט ער מיר געזאָגט, — קוקען, הערען און שווייגען".

די מאמע האָט מיר דערלאַנגט א ווייסע גלאָז טהיי מיט מילך, און איך האָב זיך גענומען בראָקען און לייגען חלה אין גלאָז אריין. און א שטייגער האָב איך געהאט שטאָפּען די חלה אין גלאָז אריין אזוי לאַנג, ביז זי ווערט אײַנזאַפּטען אין זיך די גאַנ־צע טהיי ביז א טראָפּען, דערנאָך פלעגט מען בע־דארפען איבערקעהרען די גלאָז מיט'ן אויבען אראָב און אזוי קונציג ארויסטרייסלען אויף דער שאָל, עס זאָל בלייבען שטעהן צוזויפגעפרעסט און גאַנץ „ווי א קוגעלע".

אויך דאָסמאָל האָב איך זיך פערנומען מיט'ן אײַנשטאָפּען די חלה אין גלאָז אריין און דערביי גאַנץ רוהיג צוגעהערט זיך צום שמועס צווישען טא־טען און רב נחומ'ן, געקוקט ווי די רינגעלעך אויפ'ן „סטשאַט" רוקען זיך הין און צוריק איבער די דראָ־טען, און ענדליך האָב איך זיך אָבגעשטעלט אויף דעם גאָלדענעם רינג ביי רב נחומ'ן אויפ'ן פינגער. דער רינג האָט געשיינט, געגלאַנצט, געפינקעלט און געצויגען צו זיך, ווי מיט א כישוף.

— „אי, א רינג! — האָב איך געטראַכט — ווען איך האָב אזא רינג... אזא רינג, וואָלט איך... און

פלוצלונג — — — דער טאַטע, די מאַמע, רֶבּ נָחום און איך אַליין זענען אָבגעשפּרונגען פון טיש ווי אָבּ־געבריהטע... איך האָב קיין צייט ניט געהאַט א וואָרט אויסרעֶדען — א פייערדיגער פּאַטש האָט מיר דאָס פּנים א ברען געטהאָן, די אויגען פערבלענדט, די אויערן פערטויבט... די טהיר האָט זיך אַזוי ווי פון זיך אַליין אויפגעעפענט און ווי א פייל פון בויגען בין איך פון צימער אַרויס.

ווי שנעל דאָס אַלץ איז ניט פּאַרגעקומען, האָב איך דאָך געקאָנט בעמערקען אויפ'ן טיש א מין אי־בערקעהרעניש: ריטשקעס טהיי און אָנגעזאָפּטע שטיק־לעך חַלה פון מיין איבערגעקעהרטער און צובראָ־כענער גלאָז האָבען פערגאָסען און פערשאָטען דעם בטשאָט, דעם טינטער, די פּאַפּירען, דעם טישטוך, און איין שטיקעל חַלה, אנ'אָנגעזאָפּטע, אנ'אָנגעשוואָ־לענע ווי א שוואָם, האָט געטראָפען רֶבּ נָחומ'ן אין סאַמע פּנים אריין און אראָבגעקייקעלט זיך איבער דער רויטער באָרד זיינער.

ח.

ביס געשלאָפען האָט זיך מיר די נ׳ כ״ג. מילא וואָס געווען, איז געווען; וואָס אָבער וועט מאָרגען זיין? וואָס וועט מאָרגען זיין?...

און מאָרגען איז אָט וואָס געווען:

נאָך פון בעגינען־אָן האָט זיך דער הימעל גע־חמארעט, אויף רעגען געקליבען און דער ווינד האָט געבלאָזען פון מינוט צו מינוט אלץ שטארקער און בייזער.

צוקומענדיג צום חדר, האָב איך געטראָפען רבּ הערש׳ן לויפענדיג צום טויך מיט אן׳אויזערנער ווילע אין האנד. גיך און גרינג, ווי א יונגערמאן, איז ער ארויפגעקלעטערט אויף דער דראבינע (א לאנגער וואָגען) מיט סנאָפּעס, וואָס פיניע האָט נאָר וואָס פון פעלד געבראכט צופיהרען. א סנאָפּ נאָך א סנאָפּ האָבען אָנגעהויבען אונטער דעם אלטענס הענד פון וואָגען צום סטויג אריבערפליהען. דער ווינד האָט רבּ הערש׳ן אין פּנים געבלאָזען, אָבגעוועהט אהינטער־צו, צופלאָטערט די פּאות, די באָרד, דעם טלית־קטן מיט די ציצית, — און שטעהענדיג אויפ׳ן וואָגען האָט רבּ הערש אויסגעזעהן ווי א זעקספליגעלדיגער מלאך, וואָס אָט־אָט וועט ער זיך אויפהויבען און אין דער לופטען אוועקפליהען.

און די חמארע האָט זיך אָנגערוקט נאָהענטער־און נידעריגער. א בליק איינער נאָכ׳ן אנדערען איז דורך אידר דורכגעפלויגען — אזוי ווי פייערדיגע שלענג האָבען אידר שווארצען דעק געשניטען און

אויף שטיקער געריסען... פון דער ווײַטענס האָט א דונער א קלאַפּ געטהאָן, אזוי ווי מיט שטיינער אי־בער אנ׳אײַזערנעם בלעך צושאָטען זיך... לײַזקע האָט מיך אויף די הענד ארויפגעכאפּט און מיט מיר אין חֶדֶר ארײַן.

אין גיכען האָט זיך א שלאַקס־רעגען אָנגעהויבען — און רֶב הערש איז אין שטוב ארײַנגעקומען.

ט.

באם פון קאָפּ ביז די פיס, האָטש אויסצודרעהען, האָט ער פריהער פון אלץ די פושקע געעפענט און א געשמאקען שמעק־טאַבעק גענומען; אָבגעהוסט זיך, פון באָרד און פֵּאות דאָס רעגען־וואסער אויס־געקוועטשט, די יארמולקע אָנגעטהאָן און צום טיש זיך אוועקגעזעצט.

— „נו?...“ רֶב הערש האָט אויפגעהויבען אויף מיר זײַנע גרויסע, בלאָהע אויגען, קוים צו בעמער־קען מיט׳ן קאָפּ צו מיר א מאך געטהאָן — ס׳הייסט: קום, אקאָרשט, אהער, בָּחור!

שוין פון דער ערשטער מינוט אָן איז מיר ניט גוט אויפ׳ן הארצען געוואָרען. — ער ווייס שוין, — האָב איך א טראכט געטהאָן, — ער ווייס שוין אלץ, און אָט וועט זיך עס אָנהויבען: — „האָט זיך מיר א חָלום געחָלומ׳ט“...

ניין. הײנט עפעס גאָר א נײס. רֶב הערש עפענט אויף דעם תּהלים און באַלד פערמאכט ער איהם צוריק — און הויבּט אָן מיט אזא לָשון:

— פערהערען דיך, מײן איך, איז אנ׳איבּעריגע זאך. ויצענדיג אגאנצען אָווענד בּײם טיש מיט׳ן מאטען, זאָל געזונד זײן, און ארטיג אזוי טהיי טרינ־קענדיג אינאײנעם מיט רֶב נחום אבּזעגשטאָק׳ן, מוז־טו דעם תּהלים אין גאנצען שוין אויסווענינ קאָנען און אַודאי האָבּטו עהרליך פערדיענט אויפ׳ן שפּעט־טען שטייגער בּעלוינט צו ווערען. בּין איך דיך מכבּד מיט׳ן שטייסעל!

רב הערש נעהמט אַ שמעק־טאבּעק, הוסט זיך אויס און רעדט ווײטער:

— בּין איך דיך מכבּד מיט׳ן שטייסעל. זײ מוחל, בָּחור, אָט אהין אין ווינקעל, צווישען דער טהיר און אויוען. נישקשה, די רֶבּי׳צין מעג זיך דאָרטען בּײם פריפּעטשיק טהון איהרס, און דו טהו דיר דײנס.

ווידער אַ שמעק־טאבּעק — און רעדט ווײטער:

— און כּדי אָנטהון דיר כּבוד אזוי ווי דו האָסט עס כּשר פערדיענט, ועסטו חוץ דעם שטיי־סעל מיט׳ן טאָלקאָטש נאָך עפּיס פון מיר בּע־קומען.

מיט די ווערטער איז רֶב הערש ארײַן אין צווייטן צימעריל, וואו די בעט מיט דעם קליידער־קאסטן זענען געשטאנען, און אומגעקעהרט זיך האלטענדיג הויך אין דער האנד זײַן אלטע ווינטער־דיגע היטעל.

אמאָל איז דאָס געווען א שײנע פּלישענע היי־טעל, א שווארצע מיט א גלאנץ, ווי א סאמעט, איצט אָבגעריבען, אָבגעבליאקעוועט, דאָ געל, דאָ גרין, חַלְשוּת־קאָליער, און ערטערווײַז קריכט די וואטע ארוים.

— רֶבּי! — האָב איך מיט א ציטעריגען קול אָנגעהויבען — רבּי!...

נאָר אומזיסט.

אין א מינוט ארום בין איך שוין געשטאנען אין ווינקעל צווישען טהיר און אויווען, די היטעל איבער די אויערען אָנגערוקט, דער טאָלקאטש אין האנד, און, בעגיסענדיג זיך מיט ביטערע טרעהרען, געדרעהט אין א... פּוסטען שטיבעל. יאָ, אין א טרוקענעם, ליידיגען שטיבעל!...

י.

דרעה, דרעה! — האָט רב הערש׳מיך אונטער־געטריבען — ס׳מאכט ניט אוים, וואָס דאָס שטי־בעל איז א פּוסטע: בײַ אזא בְּרִיָה, אָהן אַנ׳עַין הָרָע,

ווי דו ביום, קאָן אין א פוסטען שטייסעל אויך טאבעק ווערען. דרעה! — און בעת־מַעשה דערצעהלט און איבערגעיַחזור׳ט פאַר׳ן גאנצען חֲדֶר, פאר דער רֶבּי׳צין און פאר פּיניען און פאר דער שנור אלק, וואָס נעכטען האָט זיך בײַ אונז פערלאָפען בײַם שהיי־טריַנקען.

די רֶבּי׳צין, א קײַלעכדיגע, א דיקע אידענע מיט א בלאָה־רויט פּנים, קורצע, גראָבע הענד און א קורץ, קארפאטע נעזעל, האָט זיך בײַם אויווען געפּאָרעט, קאָרן־ברויט געזעצט, הינטער מײַנע פּליצעס מיט די קאָטשערעס און לאָפּעטעס גערודערט און דער־בײַ פאר־זיך אונטערגעזונגען:

„כ׳בין דאָס אָרימע העזעלע...״

דאָס איז געווען דאָס איינציגע ליעדעל אידהרס, און זי פלעגט עס אונטערזינגען גאנצע טעג—אין קליימעל, בײַם אויווען, בײַ דער לאָקשענברעט און בײַ דער מולטער. אָפּנים, מעהר פון צוויי שורות האָט זי ניט געקענט. און הערענדיג ווי זי ציהט אויף אידהר דין, גלעזערן קול־כיל:

„כ׳בין דאָס אָרימע העזעלע,

וואוין אין גרינעם וואלד״—

האָבען די חֲדֶר־יונגלעך נאָך צוויי שורה׳לעך צוגעמאכט:

„כ׳האָב א קאַרפּאַטע נעועלע

„און האָב א גוידער — א גוואַלד!״...

בײַם טיש איז געזעסען רב הערש מיט די תּלמידים און האָט געטײַטשט:

„וָאֶתְחַנַן—און איך האָב צו גאָט געבעטען—בָּעֵת הַהִיא—אין יענער צײַט—לֵאמֹר—אזוי צו זאָגען״... די רביצין האָט דאָס ברויט געזעצט באַקען, די שנור האָט קנישעס מיט לינזען געקלעפּט, און צווישען זיי בײדע בין געשטאַנען — איך מיט׳ן שטיסעל.

א היבשע צײַט בין איך אזוי אָבגעשטאַנען און גע־דרעהט מיט׳ן מאָלקאָטש. דער קוואַל פון טרערהרען איז בײַ מיר אויסגעטריקענט געוואָרען, און ביסלעכ־ווײַז האָט אין קאָפּ איין געדאַנק אָנגעהויבען אר־בײַטען: „לייזקעז״

— מֵילאָ,—האָב איך געטראַכט—אקעגען מאַ־מע־מאַמע איז קיין מיטעל נישאָ, אקעגען א רבי׳ן אוַדאי נים. אָבער לייזקעז! וואָרם־ושע אוים, יִמַח שמו וְזִכרו זאָלסטו ווערען! איך וועל זיך שוין אין דיר נוקם זײַן. נישקשֶה, כ׳וועל שוין צוקלערען עפּים אזוינס... דו וועסט שוין דײַנע קינדער און קינדס־קינדער פערזאָגען מוסרים צו זײַן!...

יא.

ליוקע! לייזער! גאָט איז מיט דיר! וואָס איז דאָס? דו וויינסט?!"– האָט די מאַמע פּערוואַנ־דערט זיך אָבגעשטעלט, דערזעהענדיג לייזקען, ווי ער זיצט אין קוך בײַם טיש, דעם קאָפּ מיט בײדע הענד אונטערגעשפּארט, און גאַנצע ריטשקעס טרעה־רען גיסען זיך בײַ איהם פון די אויגען,–„וואָס איז דאָס מיט דיר?... האַ? לייזקע, זאָג־זשע, זאָג!"

— „ער... מיך... ג'... ג'... געשלאָ—אָ—אָגען!"—האָט זיך לייזקע צעוויינט אויפ'ן קול.

נאָך לאַנגע מיה און מאַטערניש האָט זיך דער מאַמען קיים אײַנגעגעבען וויפיעל ניט איז לייזקען צו בערוהיגען, און שלינגענדיג די טרעהרען, האָט ער אָנגעהויבען דערצעהלען:

פון חדר געגאַנגען... אַ בלאָטע... אין מי־טען גאַס האָט ער אַ קאַלאָש פערלוירען... נעהם מיך, זאָגט ער, אויף די הענד... האָב איך איהם גענו־מען... האַלט איהם אויף איין האַנד, און דער אַנ־דערער דעם קאַלאָש... „ס'מיר הייס", זאָגט ער... דאָס מאַנטעלע אויסגעטהאָן... האָב איך עס אונ־טער'ן אָרעם גענומען... „נעהם בײַ מיר, זאָגט ער, דעם קאָשעקעל פונ'ם איבערבײַסען."–„וואוהין, זאָג איך, נעהמען?"–„אין די צייהן, זאָגט ער, נעהם". האָב איך

געוומען, און ער... אין מיטען דרינען... טראַך אין באַק אריין!... א פּאטש... און נאָך א פּאטש, און נאָך, און נאָך... ביי מיר ביידע הענד פערנומען... אראָבּ־לאָזען איהם קאָן איך ניט... א בלאָטע ביז די קניה... ריטשקעס וואסער ארום... געלאָזט זיך לויפען — העלפט ניט... איך לויף און ער פּאטשט, און ער פּאטשט... פון עטליכע הויפען די הינד ארויסגעלאָ־פען... האווקען אויף מיר... און די יונגלעך אויך— שפרינגען ארום אונז... טאנצען... שרייען: „אָט אזוי! אָט אזוי!“... און לאכען... לא—אכען!“...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

יב.

קינדערלעך ליעבע! ליעבע, הארציגע פויגעלעך מיינע! איך זעה אייערע ציבלאקערטע אויגעלעך, איך הער אייער הילכיגען, פרעהליכען געלעכ־טער— און ווייסט איהר, קינדערלעך, וואָס איך פיהל דערביי?

טויזענדער טעג, צעהנדליגער יאָהרען, א גאנץ לעבען איז אוועק פון דעמאָלט־אָן. לייזקע רוהט שוין אויפ'ן הייליגען אָרט. מיט גרינעם גראָז איז



זײַן קבר בעוואַקסען, מיט מאָך און מיט שימעל זײַן מצבה בעדעקט. איך אויך בין שוין גרויז און אַלט געוואָרען. און דאָך ביז איצט, קינדערלעך, ביז איצט נאָך פערקלעמט מיר דאָס האַרץ, און ניט לאַכען — וויינען ווילט זיך מיר, ווען איך דערמאָהן מיך אָן לײזקען, מיט זײַנע הייסע און ביטערע טרעהרען.

איך געדענק, אַזוי ווי ערשט נעכטען וואָלט דאָס געווען: ניט דער מאַמעס בייזערן זיך און ניט דעם טאַטענס און דעם רבינ׳ס שטראָף־רייד וואָלטען אַזוי שטאַרק ניט געווירקט אויף מיר. איך האָב אַליין ניט פערשטאַנען וואָס אַזוינס עס טהוט זיך מיט מיר. דערהערענדיג לײזקעס געוויין, בין איך מיט אַ פערציטערט האַרץ, מיט אַ פערפלאַמט פנים געפאַלען איהם אויפ׳ן האַרצען, אַרומגעכאַפּט איהם פאַר׳ן האַלז און אַליין צוחליפּעט, צעוויינט זיך אויפ׳ן קול, אַזוי ביטער, אַזוי יאָמערליך, אַז אַ שטיין וואָלט צוגאַנגען געוואָרען זעהענדיג דאָס.

— „לײזעז! לײזעז! לײזינקע!"... האָב איך געקלאָגט, פערגעהענדיג זיך ווי אַ פּיצעל קינד פון געוויין, געהאַלזט, געקושט, געהאַלזט איהם... „לײזע! לײזינקע!"... און מיט גרויס מיה האָט זיך איהם אײַנגעגעבען אײַנשטילען און בערוהיגען מיך.

דערפיהלט האָב איך מיט אַמאָל צו לײזקען

עפּים אזא ליעבע, ווארימע נאָהענטקײַט, גלײַך עֶר וואָלט מיר אַן׳אײגענער ברודער געווען. און איך האָב מיך אַלאָז געטהון אין צימערעל צו מיר, מײַן גאנץ פערמעגען צונויפגענומען און לײזקען אוועקגע- געבען: דריטהאלבען בויגען שרײַב-פּאפּיר, דרײַ שטאָהלענע פּענעס, צוויי מארמעלאדקעס, א בלײַפּע- דער, א פּאָר פּערעלמוטערנע און א האלב טוץ בײַ- נערנע קנעפּלעך, א שטיקעל טריעף-וואקס און א גאנצען הויפען קנאקניסלעך.

— „נא, לײזינקע, נא!“ האָב איך איהם גע- שטופּט דאָס גוטס אין האנד, אין מויל, אין קעשע- נע, אין בוזים אריין — „נעהם, לײזינקע, נעהם, ליובעניו, נעהם!“

און אָבגעדאנקט האָט מיך לײזקע אויך אויפ׳ן שענסטען אופן. קנאקענדיג די ניסלעך און קוויקענ- דיג זיך מיט די מארמעלאדקעס, איז ער צום ברעג טײַך אראָבגעגאנגען, א היבשע צײַט דאָרט אינ׳ם קאמיש (אײַער, ראָהר) דאָרט געפּאָרעט זיך און אזעלכע צוויי פּײַ- פעלעך מיר אויסגעשניצט, אז א חיות איז אין אלע גליעדער זיך צוגאנגען, באלד ווי ער האָט דעם ערשטען שפּיעל געטהאָן. אין פּײַפעלע א לאנגע און א דינינקע, די אנדערע א ביסעל קירצער, נאָר די-